פאמיליען-ביבליאטעק

שלום עליכם



# אלמנה נומר צוויי



ווארשא, תרע"ד

N. 5 פרייז 5 קאפ.





Типографія Г. Пимента и Я. Швабе, Сѣраковская 4.

שלום עליכם:

1) פּעקעלע דעם רבינ'ס 5

ל. שפּיראָ:

3) דער קוש 5

שלום עליכם:

4) אלמנה נומער 1 5

5) אלמנה נומער 2 5

6) אלמנה נומער 3 5

אברהם רייזין:

7) פערשפּעטיגט 5

8) גוטע ברידער, קאָמעדיע 5

שלום אש:

10) מאָמענטען 15

שלום עליכם:

11) אַ תּינרישנער בילעט 15

12) שמוּאַ'ליק 5

13) יוסף דער דושענטעלמען 10

ד. פּינסקי:

14) די יונגע ליעבע 5

שלום עליכם:

15) שפּרינצע 5

מ. מייטש:

16) דער שפּיאָן 5

שלום עליכם:

17) די יורשים 5

18) מיט'ן עטאַפּ 15

19) דער יונגסטער פון די מלכים 5

20) די ערשטע קאָמינע 10

21) חוה 5

22) ערשטע יודישע רעפּובליק 10

עקב נאָרדין:

23) דער קרבן 5

שלום עליכם:

24) 13 פּעראייניגטע שטאַאַטען 10

25) 13 געזאַנגענע 10

26) עולם הבא 10

27) הונדערט אייגס 5

אברהם רייזין:

28) די ציגײַנערין 5

שלום עליכם:

29) ערב-פּסח'דיגע עמיגראַציע 5

גיואַי דע מאָפּאַסאַן:

30) שמעון 5

ה. ספּענסער:

31) שלאָף און חלומות 6

וו. דאָראָשעוויטש:

32) די באַראָנעסע 5

מענדעלע מוכר ספרים.

33) אין יענער צייט 10

לעוו טאָלסטאָי:

34) וועמעס גלויבען

איז בעסער? 5

יעקב דינעזאָהן:

35) המן און זיינע טעכטער 5

שלום עליכם:

36) אויף יענער זייט סמבטיון 10

37) אַ פּסח אין דאָרף 5

38) ל"ג בעומר 5

39) מישותלח 5

40) דער זייגער 5

41) אַ בלעטיל שיר השירים 7

42) אַ מעשה אָהן אַ'ן עק 25

43) ווען איך בין ראָטשילד 5

אברהם רייזין:

44) אַ פּוילישער גלח 5

שלום עליכם:

45) גולנים 6

46) אַ גרויסע געווינס 8

ג. נאָ-ין:

47) סאָפּיע 5

שלום עליכם:

48) צוויי טויטע 8

49) דאָס פּאַר פּאָלק 8

יונה ראָזענפעלד:

50) קאָנקורענטען 6

שלום עליכם:

51) מענשען 15

יעקב דינעזאָהן:

52) שמשון שלמה 5

שלום עליכם:

53) בלינצעס 7

54) טביה דער מילכיגער פאָהרט קיין ארץ ישראל 7

55) אסתר 7

56) גאָלד-שפּינערס 6

57) די שטאָדט כתרילעווקע 5

58) פיער וענגן מיר געזעסען 15

מ. מעטערלינק:

59) די דערטרונקענע 6

ג. וועגנעראָף:

60) פריהער און שפּעטער 5

שלום עליכם:

61) די גרויסע בהלה 15

62) רויכערט און שיכור'ט 6

63) ביים קעניג אחשורוש 5

64) מיין ערשטער ראָמאַן 10

א. פּראַגס:

65) דער גאַסען-הענדלער 10

שלום עליכם:

66) ראַבטשיק 5

67) בערדיטשעווער טראַמוואַי 5

68) בערדיטשעווער האָטעלען 8

69) בערדיטשעווער טעאַטער 5

70) בערדיטשעווער שריפות 5

71) די פרעהליכע קאָמפּאַניע 15

א. גאָרשין:

72) די געפאַלענע פרוי 10

אברהם רייזין:

73) רעפּעטיציע 6

## אלמנה נומער צוויי.

פאר וואס איך האב אייך געלאזט אזוי לאנג ווארטען? — דערפאר וואס איך האב געוואלט. איך, אז איך דערצעהל עפיס א זאך, דערצעהל איך דעמאלט ווען מיר ווילט זיך, נישט ווען א יהר ווילט.... און אז איהר ווילט — דאס וועהט מען; אויף א געשיכטע און א שעהנע דערצו איז יעדער א בעלן; ווארום, וואס ארט דאס מיך למשל אז איך זיץ מיר נאכ'ן עסען אויף מיין שטוהל אין מיין צימער מיט א ציגאר אין מיין מויל און איהר רייסט זיך איין דאס געזונד דערצעהלענדיג? אי דעם דערצעהלער קאסט עס אפשר בלוט, — וואס גערט עס אייך אן? אבי מע דערצעהלט אייך א שעהנע מעשה! איך מיין נישט דוקא אייך, שרעקט אייך ניט! איהר הערט נאר מיט קאפ וואס מען דערצעהלט אייך, און חאטש דאס, וואס איך דערצעהל אייך איצט איז א גאנץ בעזונדערע זאך, וואס קעהר זיך מיט מיין פריהעריגער מעשה נישט אן גארנישט, פון דעסטוועגען וואלט איך וועלען איהר זאלט געדענקען וואס איך האב אייך דעמאלט דערצעהלט, ווייל א שטיקעל שייכות האט דאס דאך, און ניט קיין שטיקעל, נאר א שטיק! און טאמער האט איהר עפעס פערגעסען, וועל איך אייך דערמאנען. איך וועל אייך אין דריי ווערטער איבער'חזר'ן די פריהערדיגע געשיכטע און וועל אייך געבען א קצור המעשה אויף איין פוס:

איך האָב געהאַט אַ חבר פּיני, האָט ער געהאַט אַ פֿרוי פּאַיע, האָבען זיי געהאַט אַ קינד ראָזע. מײַן חבר איז געשטאָרבען און פּאַיע איז געבליבען אַ יונגע אַלמנה. איך בין געווען בײַ איהר אַ בן־בית, אַ פֿרײַנד, אַ סעקרעטאַר און אַ ברודער און בין געווען נאָך איהר די כּפּרה, נאָר זאָגען איהר האָב איך גישט געהאַט קיין מוטה, און אַזוי זענען אַוועק אַלע בעסטע יאָהרען, די טאָכטער איז אויסגעוואַקסען, די רויז האָט אויפגעבליהט און איך האָב מיך פֿערלאָרען, אין גאַנצען פֿערלאָרען! האָט דער גוטער יאָהר אָנגעטראָגען אַ בחור'ל, אַ בוכ־האַלטער שאַפּירא, וואָס שפּיעלט ניט שלעכט אין שאָך, און די ראָזע האָט זיך אין איהם פֿערקאָכט, האָב איך אויסגעלאָזט מײַן גאַנץ ביטער האַרץ צו דער מוטער, זיך צוקריגט, געגעבען אַ זעץ מיט דער טהיר און געשוואָרען, אַז מײַן פֿוס זאָל דאָרט ניט זײַן ווײַל איך וועל לעבען! — נו, זענט איהר צו־פֿריעדען?..

אַצינד פֿערשטעה איך, אַז איהר זענט נײַגעריג צו וויסען נאָר איין זאַך: אויב איך האָב געהאַלטען וואָרט אָדער ניט? נו, איהר זענט דאָך עפּעס ווי אַזוי רופֿט איהר דאָס, אַ פּסיכאָלאָג? אַדרבה, זאָגט איהר צו האָב איך בעדאַרפֿט האַלטען וואָרט צו ניין? אַיאָ, איהר שווײַגט? ווייסט איהר פֿאַר וואָס? ווײַל איהר ווייסט נישט!... אָט וואָס ס'איז געווען:

די גאַנצע נאַכט האָב איך אַרומגעשפּאַנט איבער דער שטאָדט ווי אַ גוּ־טער משוגענער, אויסגעמאָסטען אַמאָל דרײַ אַלע גאַסען אין דער לענג און אין דער ברייט, געקומען אַהיים שוין מיטין טאָג גלײַך, איבערגעקוקט אַלע מײַנע פּאַפּירען, אַ סך צוריסען, איך האָב פּײַנט אַלטע פּאַפּירען, אײַנגעפּאַקט די זאַכען, אַוועקגעשריבען בריעף צו אַ פּאָר בעקאַנטע, קיין פֿרײַנד, קיין קרובים ברוך השם האָב איך ניט, עלענד ווי אַ בוים, איבערגעלאָזט איין פֿעראָרדנונג איבער מײַנע הײַזער און קלייטען, און אַז איך האָב אָט דאָס אַלעס אָפּגעטהאָן, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויף מײַן בעטעל דעם קאָפּ אין די הענט און געטראַכט, און געטראַכט און געטראַכט, — ביז ס'איז געוואָרען טאָג, האָב איך מיך גאַנץ שעהן אײַנגעוואַשען, אָנגע־טהאָן זיך, און בין אַוועק צו מײַן אַלמנה, אָנגעקלונגען אין דער טהיר, אַרײַנגעקומען, געהייסען געבען קאַפֿע ביז מײַן אַלמנה וועט אויפשטעהן. מײַן אַלמנה איז אויפגעשטאַנען, מיך דערזעהען איז זי אַ ווײַלע געבליבען שטעהן, די אויגען זענען בײַ איהר געווען ווי אונטער געשוואָלען, דאָס פּנים בלאַס. אַ פּנים זי איז אויך ניט געשלאָפֿען די נאַכט?.. דאָס ערשטע, וואָס איך האָב איהר געזאָגט איז געווען די דאָזיגע דרײַ געצעהלטע ווערטער:

— וואָס טהוט ראָזאַ?

אין די ווערטער קומט אָן מסתמא ראָזאַ אַליין. שעהן ווי דער טאָג, ליכטיג ווי די זון און גוט ווי גאָט אַליין. דערזעהען מיך, איז זי געוואָרען אַ ביסעל רויטליך, נאָכדעם איז זי צוגעגאַנגען צו מיר, מיך אַ גלעט געטהון מיט'ן הענטעל איבער'ן קאָפּ פונ'ם שטערען אַרויף, ווי מען גלעט אַ קליין קינד, אַריינגעקוקט מיר אין די אויגען אַריין און האָט זיך צולאַכט. ווי אַזוי מיינט איהר צולאַכט? חלילה נישט אויף צו בעליידיגען אייך, נאָר צו פערגיפטען אייך אַזוי, אַז איהר זאָלט אויך אָנהויבען לאַכען, און אַלע זאָלען לאַכען, און די ווענט זאָלען לאַכען! יאָ, מיין ליעבער פריץ לעבען, אָט אַזאַ מין כח האָט זי אין זיך, אָט די ראָזע נאָך עד היום! איך וועל פאַר איהר געלעכטער נאָך איצט אַוועקגעבען אַלעס וואָס איך האָב. דער חסרון איז, וואָס איצט לאַכט זי שוין מעהר נישט; זי איז נעבעך אויף צרות, אַז זאָך און וועה איז מיר, עס לאַכט זיך ניט! נאָר איך האָב פיינט אַז מען חאַפּט איינס פאַר דאָס אַנדערע. איך האָב ליעב, אַז מען הויבט אָן אַ זאַך זאָל מען געהן בסדר. אַלזאָ איך געה כסדר.

דעם טעם פון חתונה מאַכען אַ טאָכטער ווייסט איהר? ניין? איהר ווייסט ניט? זאָלט איהר טאַקי ניט וויסען! איך האָב דעם טעם פערזוכט און גוט פערזוכט, האָטש אַפילו אַ פרעמדע טאָכטער, נאָר פערזוכט האָב איך דאָס. איך וועל דאָס געדענקען לאַנג-לאַנג. וואָס האָב איך געזאָלט טהון, איך בעט אייך, אַז מיין אַלמנה פאַיע הייסט עס, איז אַזאַ מענש, וואָס איז געוואָהנט געוואָרען מען זאָל איהר אַריינטראָגען אין שטוב אַריין פונ'ם גרייטען. און ווער איז שולדיג אין דעם ווען ניט איך אַליין? איך האָב זיי אויסגעלערענט. סאַי די מאַמע סאַי די טאָכטער, אַז טאָמער דאַרף מען עפּעס אין שטוב, זאָל געזאָגט ווערען מיר, — און עס זאָל זיך איבערקעהרען די וועלט, מוז דאָס צוגעשטעלט ווערען, און ניט שפּעטער ווי אין 2 שעה! מען דאַרף געלד — איז צו מיר. דעם דאָקטאָר — צו מיר. אַ קעכין בעשטעלען — צו מיר. אַ לעהדער אויף טאַנצען — צו מיר. אַ מלבוש, אַ שוך, אַ שניידער, אַ קצב, אַ פעדער, אַ הושענה, אַ קליאַמקע — צו מיר, צו מיר און צו מיר! איהר מיינט איך האָב זיי ניט געזאָגט: „וואָס וועט פון אייך ווערען? אַ האַנשירקע, אַ שמאַטע וועט פון אייך ווערען!" אַזוי טענה איך צו זיי און זיי לאַכען. אַלסדינג איז ביי זיי אַ געלעכטער! דאָס גאַנצע לעבען איז אַ געלעכטער. פאַראַן אַזעלכע מענשען אויף דער וועלט. נישט קיין סך, נאָר ס'איז פאַראַן. און וועמען דאַרף עס טרעפען? — מיך! ווער דאַרף זיך ניאַנטשען מיט פרעמדע קינדער?

— איך! ווער דאַרף אויסגעריסען ווערען פֿאַר פֿרעמדע צרות? — איך! ווער דאַרף טאַנצען אויף פֿרעמדע חתונות? — איך! ווער דאַרף וויינען אויף פֿרעמדע קברים? — איך! איהר וועט פֿרעגען: ווער הייסט מיר? וועל איך אייך דערויף ענטפֿערען אָט וואָס: ווער הייסט אייך לויפֿען אין פֿייער אַריין ראַטעווען אַ פֿרעמד קינד? ווער הייסט אייך שפּרינגען אין וואַסער אַריין, אַז יענער טרינקט זיך? ווער הייסט אייך קרימען זיך, אַז יענעם טהוט וועה? איהר וועט מיר זאָגען, אַז איהר לויפֿט ניט און שפּרינגט ניט און קרימט זיך ניט? זענט איהר אַ חיה! איך בין נישט קיין חיה; איך בין אַ מענש. איך שטעל מיך ניט אַרויס פֿאַר אַ אידעאַליסט, איך בין אַ פּשוט׳ער, אַ געוועהנליכער מענש און נאָך אַנ׳אַלטער בחור דערצו, חאָטש אייער פּסיחאָלאָגיע זאָגט, אַז אַנ׳אַלטער בחור איז אַנ׳עגאָאיסט. און אפשר איז דאָס גופא אויך אַ מין עגאָאיזמוס? וואָס? איהר האָט פֿיינט, זאָגט איהר, הקירה? פֿילאָזאָפֿיע? איך האָב עס אויך פֿיינט!

אַלזאָ דאַרף מען חתונה מאַכען מיין אַלמנה׳ס טעכטעריל, ראָזאַ׳ן, און מען דאַרף זיך פֿערשטעלען פֿאַר אַ מחותן. איהר האָט אַנ׳אַנדער ברירה? און איהר דאַרפֿט פֿערשטעהן, לויט איהר קענט מיך שוין אַ ביסעל מיט מיין קאַפּריז, ווי איך האָב דאָס ליעב! דאָס וואָרט מחותן שלאָגט מיר צו דער גאַל! רופֿט מיך „מענש", רופֿט מיך לאָקיי, רופֿט מיך משרת, רופֿט מיך קנאַקניסעל — אַבי ניט מחותן! זי אָבער, מיין אַלמנה הייסט עס, איז דוקא צופֿריעדען פֿונ׳ם נייעם נאָמען וואָס מע האָט זי געקרוינט: „מחותנת׳טע". אַז מען זאָגט איהר מחותנת׳טע ווערט זי ברייטער ווי לייגער. „אָט באַלד ווערט איהר אַ שוויגער!" — אַזוי זאָג איך צו איהר. קוועלט זי ווי אַ באָקסער: „הלואי, זאָגט זי, ווי דערלעב איך דאָס שוין""!.. אַ שעהנע שוויגער! איהר זאָלט זי געזעהן צו דער חתונה, אונטער דער טאָכטער׳ס חופּה: אַ בילד! אַ פּאַרשוין! אַ יוגענד! איהר וואָלט אין לעבען נישט זאָגען, אַז ס׳איז אַ טאָכטער מיט אַ מוטער, נאָר אַ שוועסטער מיט אַ שוועסטער! איך האָב מיך, הערט איהר, פֿערקוקט אויף איהר שטעהענדיג מיט די קינדער אונטער דער חופּה און האָב צו מיר אַליין געזאָגט:

— שוטה וואָס דו ביזט! עלענדער שטיין וואָס דו ביזט! אַצינד איז פֿאַר דיר אַ מאָמענט... איין וואָרט ווען דו זאָגסט, איין קוק ווען דו טהוסט, ווערסט דו אויס עלענדער שטיין... בויעסט דיר דיין הויז... פֿלאַנצסט דיר דיין ווייגאָרטען... טרעטסט אַריין אין דיין גן-עדן... לעבסט דיר דיין רוהיגען לעבען, צווישען איינענע, ליעבע און געטרייע... שלאָג דיר אַרויס פֿון קאָפּ

ראָזאַ'ן... ראָזאַ איז ניט פֿאַר דיר... ראָזע פּאַסט צו די ווי אַ קינד... זײַ ניט געענאַרט... קוק אויף דער מוטער! זאָג איהר דאָס וואָרט, דו ווילדע חיה, וואָס דו ביזט!.. איהר זאָלסט דו זאָגען ניט קיינעם! וואָס ציהסטו די נשמה? זעהסטו דען ניט, ווי זי קוקט אויף דיר, מיט וועלכע אויגען??..

אָט אַזוי זאָג איך צו מיר אַליין און בעגעגען זיך מיט פּאַיע'ס אויגען, און עס רײַסט מיר אויס אַ שטיק הארץ — פֿאַר רחמנות צו איהר... איהר הערט? — רחמנות! שוין נישט מעהר ווי רחמנות... פֿריהער, געדענק איך, איז געווען אַנאַנדער געפֿיהל בײַ מיר... איצט איז פֿערבליבען בלויז רחמנות... און ווי באַלד רחמנות, איז אויף מיר אפשר אויך אַ רחמנות? און אפשר נאָך אַ גרעסערער? און ווער איז איהר שולדיג? למאַי האָט זי געשוויגען ביז אַהער? וואָס שווייגט זי איצט? וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז איך איהר מעג זאָגען, און זי מיר ניט?.. בושה וועט איהר זאָגען? מנהג העולם? די וועלט פֿיהרט זיך אַזוי? איך לאַך פֿון אײַער וועלט! בײַ מיר איז ניטאָ קיין אונטערשיעד: „ער" זאָל זאָגען פֿריהער, „זי" זאָל זאָגען פֿריהער, מענשען זענען מענשען! אַז זי שווייגט, שווייג איך אויך! איהר ווילט דאָס אָנרופֿען עקשנות? אַמביציע? משוגעת? רופֿט דאָס וואָס איהר ווילט! איך האָב דאָך אייך געזאָגט שוין, אַז מיר איז דאָס אַלץ איינס... נישט מעהר, איך רעד מיר אויס פֿאַר אייך דאָס הארץ און מיט אייך צוזאַמען וויל איך אַנאַליזירען, אויסגעפֿינען, וואו איז דאָ דער וואָרם? אפשר איז דאָס דערפֿאַר, וואָס מיר זענען מיט פּאַיען קיינמאָל נישט געווען פֿאַר זיך אַליין קיין צוויי מינוט. שטענדיג איז געווען אין מיטען אַ נפש, וואָס האָט פֿערנומען אין גאַנצען אונזער צײַט, אונזערע געדאַנקען, אונזערע געפֿיהלען, אונזערע צרות און פֿערגניגען — אַלעס האָט געהערט צו יענעם, ניט צו אונז. פֿאַר זיך אַליין אַ מינוט אַ פֿרײַע — דאָס פּע! דער רוח זאָל דאָס וויסען! מיר ביידע זענען ווי בעשאַפֿען געוואָרען ספּעציעל נור פֿון יענעם'ס וועגען! פֿריהער איז געווען פּיני. נאָכדעם האָט גאָט געהאָלפֿען אַ ראָזעטשקע. איצט האָט אונז דער אויבערשטער צוגעשיקט אַ נײַעם נחת: אַנאַיידים'ל אויף קעסט! מאָלט אייך עס איז שוין געווען דאָס רעכטע איידים'ל! אַזעלכע איידים'ס מעגען זיך ווינשען אַלע יודען. איהר ווייסט גאַנץ גוט אַז איך בין ניט פֿון די מענשען, וואָס ווערען אַזוי גיך נתפּעל און וואָס האָבען אַ טבע יענעם אָפּלויבען אין טאָג אַרײַן. איך וועל אייך נישט דערצעהלען קיין פּוסטע דבורים, פּזמונות, איבערטריבענע קאָמפּלימענטען וכדומה, איך וועל אייך נאָר זאָגען, אַז דאָס וואָרט „ענגעל" איז אַ בעליידיגונג פֿאַר דעם דאָזיגען מענשעל. געגוג פֿאַר אייך? אויב ס'איז דאָ אַ הימעל, אויב

מלאָכים שוועבען דאָרט אַרום, און אויב די מלאָכים זענען ניט ערגער פֿון אָט דעם שאַפּירא, זאָג איך אייך, אַז ס'איז כדאי צו שטאַרבען און בעסער דאָן מיט זיי, אַלס מיט אַלע איבעריגע צוויי־פֿיסיגע חיות וואָס דרעהען זיך דאָ אַרום אונטער גאָט'ס הימעל און פֿאַרפּאַסקודיגען די ערד. איהר וועט זאָגען, איך בין אַ מיזאַנטראָפּ, אַ מענשענפֿיינד? איהר וואָלט האָבען פֿון אַ מענשען דאָס וואָס מיר האָבען געהאַט; אייך וואָלען מענשען טהאָן דאָס וואָס מען האָט אונז געטהאָן, וואָלט איהר געוועזען ניט אַ מיזאַנטראָפּ, נאָר אַ גזלן. איהר וואָלט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ מעסער אין מיטען גאַס און איהר וואָלט געקוילעט מענשען אַזוי ווי שאָף!.. וואָס איז ביי אייך פֿאַר אַ מאָדע לאָזען אַ מענשען רייזען שטונדען לאַנג און ניט פֿרעגען, צו וויל יענער אַ גלאָז וואַסער? הייסט געבען טהעע!

אַלזאָ וואָס האַלטען מיר? ביי אונזער נתת, ביי אונזער איידיםל שאַפּירא.

עס דאַכט זיך מיר אַז איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז ער איז געוועזען דער גאַנצער פֿיהרער פֿון אַ גוראַלנע, אַ בראָנפֿען פֿאַבריק, און ניט נור דער גאַנצער פֿיהרער, נאָר דער גאַנצער בעל־הבית איבער'ן גאַנצען געשעפֿט. אַלעס איז געוועזען ביי איהם אין די הענד. אויך זיין נאָמען. דאָס צוטרויען וואָס זיי האָבען געהאַט צו איהם איז אין ליכטער און ליעב געהאַט האָבען זיי איהם ווי אַ קינד. איהר קענט פֿערשטעהן, אַז אויף דער חתונה זענען זיינע בעלי־בתים, צוויי שותפים, גנבים (זיי זאָלען מיר מוחל זיין, זיי זענען שוין לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט אין אַמעריקאַ). געוועזען די מחותנים, געשענקט דעם חתן אַ קאַסטען מיט זילבער און האָבען זיך אויסגעשטעלט ברייט און מילד, ווי די אמת'ע פֿילאַנטראָפּען. און איך האָב טאַקי ליעב אַ פֿילאַנטראָפּ און נאָך אַ בעל־הבית אַ פֿילאַנטראָפּ, אַז ער קומט מיר אויף אַ שמחה און שטעלט זיך אַרום מיט זיין פֿילאַנטראָפּיע, אַז אַלע זאָלען זעהען און זאָלען וויסען, אַז ער איז אַ בעל־הבית אַ פֿילאַנטראָפּ וואָס ווייסט ווי צו שעצען אַ „מענשען!“.. אַי דער „מענש“ האָט איהם אפשר געמאַכט אַ פֿערמעגען? און ווען ניט דער „מענש“, וואָלט ער אפשר איצטער ניט געוועזען קיין בעל־הבית און קיין פֿילאַנטראָפּ?.. אייער שמייכלען וואָס איהר שמייכעלט איז אומזיסט! מיין ליעבער פֿריינד, איך שטעל מיך ניט אַרויס פֿאַר קיין סאָציאַליסט. נאָר אַ בעל־הבית אַ פֿילאַנטראָפּ האָב איך פֿיינט! וואָס קומט מיר דערפֿאַר? הראיה? אָט וועט איהר הערען, וואָס אַ בעל הבית אַ פֿילאַנטראָפּ קען:

האַכט זיך מיר, אַז נאָט העלפט מען האָט אַ געשעפט, וואָס טראָגט אַריין שעהנע עטליכע טויזענדער אַ יאָהר און אַ מענשען האָט מען אַזעלכען, וואָס מען קען זיך אויף איהם פערלאָזען, קען מען שלאָפען רוהיג אין דערהיים, און אַפילו אַוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד און לעבען אַ גוטען טאָג; איז דאָך אָבער „אונזערע יודעלעך“. איך וויים, אַז איהר האָט פיינט, נאָר איך זאָג נאָך אַמאָל „אונזערע יודעלעך“. ס'איז זיי קאַרג די וועלט! אַ יוד האָט ליעב געשעפטען, פליהען, הרעהען, קנאַקען, טראַסקען — מען זאָל זעהען! מען זאָל הערען! וואָס טויג אייך, מיין שאַפּיראָ'ס בעלי-בתים האָבען זיך נישט בענוגענט מיט דעם, וואָס האָבען אַזאַ גאָלדען געשעפט אין אַזעלכע זיכערע הענד. זיי זענען אַריין אין וועלדער און אין פעלדער, אין „טאָרגעס“ און אין טאַקסעס, אין ווייץ און אין קלייען, און אין הייזער האָט זיך זיי פערגלוסט אַריינקריכען, ס'איז געוואָרען אַ היץ אויף הייזער, הייזער האָבען געברענט און זיי האָבען געברענט ביז זיי זענען פערברענט געוואָרען, אַריינגעשלעפט אונזער שאַפּיראָ'ן מיט וועקסלען, פערחאַפּט וויפיעל ס'איז געווען מזומנים און אַוועק קיין אַמעריקאַ און ס'איז אַ סברה, אַז זיי זענען דאָרטען, ווי מען זאָגט אויף דעם אַמעריקאַנער לשון „אָלל-רייט“, און איהם, שאַפּיראָ'ן הייסט עס, האָבען זיי געלאָזט זיצען ביז'ן האַלז אין חובות, פערבאָרען און פער'חתמ'עט מיט וועקסלען פון אויבען ביז אַראָפּ, ס'איז געווען אַ גרויסער סקאַנדאַל און ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט גאָרנישט געוואָלט קוקען צו איז ער אַ „מענש“, צו איז ער אַ בעל-הבית, ער מוז צאָהלען די וועכסלען, און אַזוי ווי ער האָט ניט מיט וואָס איז ער באַנקראָט, און אַזוי ווי ער קען ניט בעווייזען, אַז דער באַנקראָט האָט זיך צו זיי גענומען פון אַן'אומגליק, ווערט דאָס אָנגערופען ביי אונז, ווי איהר ווייסט, און אַשר ווייסט איהר ניט, „ואָלאָסטנע באַנקראָט“, דאָס הייסט אַן'אָנזעצער אַ פּאַרך, און אַ פּאַרך אַן'אָנזעצער זעצט מען איין אין טורמע, וואָרום אַ פּאַרך האָט די וועלט פיינט! איהר קענט אייך זיין צעהען מאָל אַן'אָנזעצער, צעהן מאָל איבער'חזר'ן דעם פסוק, און אַבי איהר מאַכט דאָס אָפּ קיילעכדיג מיט'ן „כבקרת“ ווי עס געהער צו זיין, שטעלט איהר אַרויס דער וועלט מחילה אַ פייג, און קויפט אַ הויז מיט אַ „מפטיר“, און איהר ווערט אַ שעהנער מענש, און איהר טהוט די גרעסטע שדוכים, און איהר זאָגט דעות אין שטאָדט, און איהר טרעט אויף קעפּ, און איהר שטופּט אייך צו די גרויסע, צו די למד ואָו גדולים, וואָס פיהרען די גאַנצע שטאָדט ביי דער נאָז, און עס דאַכט זיך אייך אַז איהר זייט אַ גרויסער, און איהר שפּריצט, און איהר בלאָזט זיך ווי אַן'אינדיק, און איהר דערקענט ניט

קיין מענשען, און איהר רעדט זיך איין אַז דער רוח הַאפּט אייך אָקאָרשט ניט אַוועק!.. האָט קיין פּאַראַיבעל ניט, איהר פערשטעהט דאָך אַז ניט אייך מיין איך, די וואַנט מיין איך... וואָס נוצט אייך, מיין כתור, מיין שאַפּיראָ האָט ניט געקענט אַריבערטראָגען דעם בזיון, און אַגב האָט איהם וועה געטהאָן דאָס האַרץ אויף אָרימע אַלמנות און יתומים (ווײַנע בעלי־בתים האָבען ניט געשאַנעוועט קיינעם, ווי האָבען גענומען וואו ווי האָבען געקענט) — ער האָט זיך גע׳סמ׳ט!..

איך דענק, אַז עס איז אייך ניט וויכטיג ווי אַזוי און מיט וואָס ער האָט זיך גע׳סמ׳ט, און וואו האָט ער גענומען סם? און וואָס עפּיס סם? און וואָס האָט ער געשריבען פאַר אַ בריעף צו מיר? און וואָס האָט ער מיר געזאָגט? און ווי אַזוי האָט ער זיך געזעגענט מיט ראָזאַ׳ן? און מיט דער מוטער, און מיט מיר? — דאָס אַלעס איז ניט מעהר ווי סענטימענטען, וואָס די ראָמאַניסטען בענוצען זיך מיט זיי, אום אויסצוקוועטשען ביים נאַרי׳שען לעזער אַ טרעהר. איך וויל אייך נאָר זאָגען אין דריי ווערטער: ניששט זיך האָט דער מענש גע׳סמ׳ט, ער האָט גענומען און האָט אַוועקגע׳סמ׳ט אונז אַלעמען! דער בראָך איז געוועזען אַזוי גרוים; דער שמערץ איז געוועזען אַזוי טיעף; דער וועהטאָג איז געוועזען אַזוי גרוילוך, אַז ביי אונז אַלע דריי האָט זיך ניט געפונען קיין איינציגע טרעהר! מיר זענען פערגליווערט, פערשטיינערט, פערשטאָרבען געוואָרען, געפאַלען מיט׳ן פּנים צו דער ערד און וואָלטען געוועזען די גליקליכסטע פון די גליקליכסטע, ווען איינער קומט און האַקט אונז אַראָפּ אַלעמען די קעפּ מיט איין מעסער!.. הערט איהר, איהר מעגט אייך זאָגען וואָס איהר ווילט, אָנקוקען קען איך ניט אָט די אַלע וואָס קומען אייך טרייסטען חלילה ביי אַן׳אומגליק. זייערע צוגעגרייטע כלומרש׳ט טהיערינע פּנים׳ער, וואָס אויף יעדען שטעהט אויפגעשריבען: אַ דאַנק גאָט וואָס ניט איך"... זייערע הילצערנע רייד, וואָס קלעפּען זיך ניט, זייערע פאַלשע שבחים, זייער אַוועקגעהן אומגעזעגענט מיט אַ מודקע אונטער דער נאָז, — וואָס דאַרפט איהר מעהר? אַפּילו אָט דער איוב, וואָס ס׳איז אַ מנהג אַז יעדער גראָבער יונג זאָל אין איהם אַריינקוקען ווי אַ האָהן אין בני אָדם, איז מיר נמאס! וואָס? אַפּיקורסות זאָגט איהר? דאָס הייסט ביי אייך אַפּיקורסות? נו, און נעהמען אונטערשטעלען אַ פּיסעל אַנ׳אומשולדיגען מענשען, הייסען איהם חתמענען ועכסלען און אַליין אַוועק מיט געלד קיין אַמעריקאַ און דעם „מענשען" לאָזען גר זאָל נעהמען און אַוועק׳סמ׳ען זיך אַליין און נאָך דריי אומשולדיגע נפשות — דאָס חעט ביי אייך הייסען ווי אַזוי? וואָס פאַר אַ נאָמען וועט איהר דעם געבען?

ניִשט אַפּיקורסות? אַ יאָ ניין? און פֿון גאָט אַליין וועט איהר זאָגען אַז ס'איז ניט קיין אונרעכט? וואָרום ווי טאָר מען ריידען אויף גאָט? טהוט אַלעז וואָס זאָגט דערויף איוב? אָט דער זעלבער הייליגער איוב, וואָס ס'איז אַ מנהג איהר זאָלט אין איהם אַריינקוקען ווי אַ האָהן אין בני אָדם? אַ יאָ איהר שווייגט? איך שווייג אויך, וואָרום איהר קענט רעדען צוזעצעהייד, העט איך קיינער ניט ענטפֿערען! איהר וועט איבערקייען נאָך אַמאָל די שוין לאַנג איבערגעקייטע ווערטער: „ה' נתן וה' לקח“ — און דערביי וועט איהר בלייבען... וואָס זאָגט איהר? פֿילאָזאָפֿירען הייסט קייען שטרוי? איך זאָג אויך דאָס אייגענע.

אַלזאָ איך קעהר מיך אום צוריק צו מיין אַלמנה... וואָס זאָג איך אַלמנה? צו מיינע צוויי אַלמנות! ראָזע אויך אַנ'אַלמנה! חאַ-חאַ-האַ! עס איז אַזוי טרויעריג, עס איז אַזאַ בעליידיגונג פֿון דער נאַטור, אַז נור לאַכען דאַרף מען! ראָזע אַנ'אַלמנה! איהר זאָלט זי געזעהן זעהען אַ קינד פֿון פֿופֿצעהן יאָהר קען ניט אויסזעהען יונגער, ראָזע אַנ'אַלמנה! אַנ'אַלמנה אַליין איז נאָך גאָר-ניט! ראָזע — אַ מאַמע! אַ מוטער פֿון אַ קינד! אין אַ חדשים דריי נאָך שאַ-פּיראָ'ס טויט האָט זיך געלאָזט הערען אַ קול פֿון אַ בעשעפֿעניש און די שטוב איז געוואָרען פֿול מיט דעם בעשעפֿענישעל — פֿייגעלע האָבען זיי דעם אַ נאָמען געגעבען — און אין שטוב האָט געוועלטיגט נאָר איין פֿייגעלע, און אַלעס איז געווען נאָר צוליעב דער איינער „פֿייגעלע“, און וואו איהר זענט געשטאַנען, און וואו איהר זענט געזעסען, און וואָס איהר האָט ניט געטהאָן, האָט איהר געקענט הערען נאָר פֿייגעלע און פֿייגעלע און ווידער פֿייגעלע! אויב מען זאָל וועלען זיין אַ מאמין און גלויבען אין „השגחה פּרטית“ ווי איהר רופֿט דאָס אָן, וואָלט איך געזאָגט אויף דער פֿייגעלע, אַז דאָס האָט גאָט בעלוינט אונז פֿאַר אונזערע גרויסע ליידען און האָט אונז געשיקט אַ טרייסט. איהר ווייסט אָבער, אַז איך בין אַ קנאַפּער מאמין און איך בין שטאַרק מסופּק אין אייך אויך... וואָס? איהר ווילט מיר איינריידען אַז איהר גלויבט יאָ, — געזונטערהייד! איך האָב צו אייך גאָרניִשט ניט; אַבי איהר אַליין זאָלט זיין איבערצייגט, אַז איהר זייט ניט קיין צבועק, קיין היפּאָקריט. הערט איהר, יודען, האָב איך פֿיינט היפּאָקריטען, טאַקי נאָר ווי אַ יוד האָט פֿיינט חזיר! זייט אייך פֿרום ווי צעהן טויזענד רוחות, אַבי מיט אַנ'אמת! טאָמער זאָגט זייט איהר גלאַט אַ גנב, אַ פֿאַרמאַסקירטער „וצדקתך“, זייט איהר ניט פֿון מיינע לייט און איך דאַרף אייך אויף תשעה נייניג כפּרות. אָט אַזאַ מענשיל בין איך מיר!

הכלל וואָסער אַ סדרה, געדענקט איהר, האָט די גרויסע ... — פּיִנגעלע! פון דער ערשטער מינוט וואָס די פּיִנגעלע האָט זיך באַוויזען אויף דער וועלט, האָט אַלעס ווי אויפגעלעבט, אַלע און אַלעס האָבען געשמייכעלט און געפרייט זיך. אַלע פּנים'ער האָבען געשיינט. אַלעמענס אויגען האָבען אָנגעהויבען צו לייכטען און גלאַנצען. אינאיינעם מיט דעם קינד זענען מיר אַלע אויפ'ס ניי געבוירען געוואָרען.

איך וועל אייך זאָגען אַ שעהנס: ראָזע, וואָס האָט זיך נישט באַוויזען אויף איהר פּנים קיין שמייכעל שוין אַזאַ צייט, האָט פּלוצים אָנגעהויבען ווידער צו לאַכען מיט איהר פריהעריגען מאָדנעם געלעכטער, וואָס פערגניפּטעט אייך און צווינגט אייך, אַז איהר זאָלט אויך לאַכען, כאָטש עס ווילט זיך אייך גאָר וויינען. אָט אַזאַ מין כח ליגט אין איהר געלעכטער און אָט אַזאַ מין כח האָט באַוויזען די קליינע פּיִנגעלע, אַז זי האָט אויפגעעפענט איהרע קליינע אייגעלעך און האָט גענומען דאָס ערשטע מאָל מיט אַ פונק פון פערשטאַנד באַטראַכטען אונז אַלע דריי. און ווער שמועסט, אַז אויף פּיִנגעלעס ליפּעלעך האָט זיך באַוויזען דאָס ערשטע שמייכעלע, זענען ביידע אַלמנות שיעור ניט משוגע געוואָרען פאַר ענטהוזיאַזם און התפעלות. זיי האָבען מיך באַגעגענט מיט אַזאַ אימפּעט אַז איך האָב מיך פאַר זיי דערשראָקען:

— גוואַלד וואָס זענט איהר געוועזען פריהער מיט איין מינוט?

אַזוי זענען אָנגעפאַלען אויף מיר ביידע אַלמנות.

— וואָס איז דען? וואָס האָט זיך געטראָפען? — פרעג איך אַ דערשראָקענער און באַקוק פון זיי אַנ'ענטפער:

— סטייטש, פּיִנגעלע האָט אָט ערשט מיט אָנדערטהאַלבען מינוט פריהער אַ לאַך געטהון! דעם ערשטען לאַך!

— אָט דאָס איז גאָר? — זאָג איך גאַנץ קאַלט און איטועגדיג דאָס האַרין פרעהט זיך, געוועהנליך ניט אַזוי אויף דעם, וואָס פּיִנגעלע האָט אַ לאַך געטהון, ווי אויף דעם, וואָס מיינע צוויי אַלמנות זענען אַזוי ששון ושמחה-דיג. ט, היינט קענט איהר שוין פערשטעהן וואָס עס האָט זיך אָבגעטהון ביים ערשטען ציינדעל! די ערשטע האָט דערפיהלט נאַטירליך די יונגערע אַלמנה, די מוטער. האָט זי צוגערופען די עלטערע אַלמנה, פּאַיען, הייסט עס, און ביידע אַלמנות האָבען גענומען פּרובירען מיט אַ גלאָז און אַז זיי האָבען דער-הערט אַז עס קלינגט אַ ציינדעל, האָבען זיי געמאַכט אַזאַ גוואַלד, אַז איך בין אַריין פון צווייטען צימער ניט טויט ניט לעבעדיג.

— וואָס איז דאָ?

— אַ ציינדעל!

— עס ווייזט זיך אַײך אויס! — זאָג איך צו זיי בכיון, עס זאָל זיי אַבּיסעל רייצען — און בּיידע אַלמנות נעהמען מײַן פֿינגער און טאַפּען אָן בּײַ פֿינגעלען אין הייסען מײַלכעל עפּיס אַ שאַרף שפּיציקעל, וואָס קען זײַן ס'איז אַ ציינדעל.

— נו? — פֿרעגען זיי מיך בּיידע און וואַרטען איך זאָל זיי שוין אָבּגעבּען אַ גערוּם פֿוּנ'ם ציינדעל. איך מאַך זיך תמעוואַטע. איך האָבּ ליעבּ זיי צו רייצען, פֿרעג איך זיי איבּער:

— וואָס נו?

— אָבּער אַיאָ אַ ציינדעל?

— אַ ציינדעל, וואָס דען זאָל דאָס זײַן?

און דאָס פֿערשטעהט איהר דאָך, אַז ווי בּאַלד אַ ציינדעל, איז דאָך פֿיינעלע אַ חכמה, וואָס מען קריגט ניט די צווייטע אין דער גאַנצער וועלט! און ווי בּאַלד, אַז פֿיינעלע איז אַזאַ חכמה, קומט דאָך איהר מען זאָל זי אַזוי לאַנג קושען בּיז דאָס קינד הויבּט אָן צו וויינען, און איך רײַס עס אַרויס בּײַ זיי פֿון די הענד און שטיל דאָס אײַן, וואָרום בּײַ קיינעם שווייגט ניט אַזוי דאָס קינד ווי בּײַ מיר, און מען קען זאָגען אַז קיינעם'ס האָר האָט פֿיינעלע ניט אַזוי ליעבּ ווי מײַנע האָר, און קיינעמ'ס נאָז ווערט ניט אַזוי געריסען פֿון איהרע בּרעקעלעך פֿינגערלעך, ווי מײַן נאָז, און פֿיהלען אויף זיך די דאָזיגע בּרעקעלעך פֿינגערלעך איז אַ גן-עדן! עס גלוּסט זיך אויסקושען 1000 מאָל איטליכעס גליעד פֿון די דאָזיגע קליינטשינקע, גלאַטינקע, ווייסינקע און ווייכינקע פֿינגערלעך! איהר קוקט אויף מיר און איהר טראַכט זיך: „אָט דער מענש האָט אַ ווייבּערשע נשמה, אַ ניט וואָלט ער אַזוי ניט ליעבּ געהאַט קיין קינדער"... אָבּער אַיאָ איך האָבּ געטראָפֿען, וואָס איהר טראַכט? ס'איז אַזוי די מעשׂה: וואָס פֿאַר אַ נשמה איך האָבּ ווייס איך ניט, נאָר אַז איך האָבּ ליעבּ קינדער — דאָס איז אַ פֿאַקט! ווערמען דען זאָל מען ליעבּ האָבּען אַז ניט קיין קליינע קינדער! אַייערע גרויסע ווילט איהר זאָל איך ליעבּ האָבּען? אָט די גלאַטע מאָרדעס מיט די געפּאַקטע בּײַכלעך, וואָס זייער גאַנץ לעבּען איז אַ געשמאַקער מיטאָג מיט אַ גוטען ציגאַר מיט אַ פּרעפֿעראַנסעל? צי אָט יענע שטענגע מענשען ווילט איהר זאָל איך ליעבּ האָבּען, די וואָס קהל'ען זיך און לעבּען פֿון דער קהל'שע שיסעל און שרייען אין ליאַרמען אין פּויקען איבּער דער גאַנצער וועלט אַז זייער גאַנצער מײַן איז טובת הכלל?.. אָדער איהר זענט אַ בּעלן איך זאָל ליעבּ האָבּען אָט די יונגע צוצעקעס, וואָס ווילען מתקן זײַן די וועלט, רופֿען מיר בּורזשוק און ווילען מיך צווינגען איך

זאָל פערקויפען מיינע הייזער און צוטהיילען זיך מיט זיי לשם עקספּראָפּריאַציע? אָדער איהר ווייסט מיר אפשר הייסען איך זאָל ליעב האָבען די גראָבע ווייבער, די פּרות הכשן, וואָס זייער איינציגער אידעאַל איז פרעסען, קליידער, בריליאַנטען, טהעאַטער און געפעלען פרעמדע מאַנסבילען? צו גאָר די אונטערגעשאָרענע אַלטע מוידען, וואָס אַמאָל אין מיינע יונגע יאָהרען האָבען זיי גע־הייסען „ניהיליסטקעס“, היינט הייסען זיי „עס־עסאָוקעס“, „עס־עראָווצים“, „קאַדעטניצעס“ וכדומה אַזעלכע שעהנע נעמען?.. איהר זאָגט, ווייל איך בין אַנאַלטער בתור בין איך אַ בעל כעסן און אַ מיזאַנטראָפּ און מיר געפעלט ניט קיינער? זאָגט אַייך, וואָס אַרט מיך וואָס איהר זאָגט? איך טהו מיר מיינס: איך דערצעהל, וואו זשע האַלט איך? ביים קינד, ביי פייגעלען, ווי מיר האָבען דאָס ליעב געהאַט? דאָס גאַנצע לעבען האָבען מיר אַוועקגעשענקט דעם קינד, מיר אַלע דריי, דערפאַר ווייל דאָס קינד האָט אונז פערזיסט דאָס ביטערקייט פון דאָס לעבען, צוגעגעבען אונז אַלעמען פרישע ענערגיע צו טראָגען דעם שווערען יאָך פון דער נאַרישער פערדאָרבענער וועלט, און פאַר מיר עקסטראַ איז אין דעם קינד געווען אַ גאַנצער סוד. איהר וועט דעם סוד לייכט פערשטעהן, אויב איהר וועט זיך דערמאָהנען, — וואָס איז געווען פאַר מיר ראָזע?.. וואָס מעהר דאָס קינד האָט געוואַכסען, דעסטאָ מעהר האָט געבליהט די האָפנונג ביי מיר אין האַרצען, אַז מיין עלענד זאָל ענדליך פערשווינדען און איך זאָל אַמאָל אויך וויסען פון אַ לעבען אויף דער וועלט... און ניט נאָר איך אַליין האָב זיך אַרומגעטראָגען מיט דער מחשבה; די זעלבע האָפנונג האָט געלעבט אויך ביי פאַיען אין האַרצען, און כאָטש מיר האָבען דערפון ניט גערעדט קיינמאָל, נאָר פאַר אונז אַלע דריי, איז דאָס געווען קלאָהר ווי דער טאָג, אַז עס וועט מוזען אַמאָל אַזוי זיין... איהר וועט אפשר פרעגען: ווי אַזוי קענען זיך דאָס מענשען פערשטעהן אומגערעדט? איז אַ סימן אַז איהר קענט פּסיכאָלאָגיע, נאָר ניט קיין מענשען... למשל, אָט וועל איך אייך מאָלען אַ בילד, וועט איהר זעהען, ווי אַזוי מענשען שמועסען זיך אוים כמעט אָהן ווערטער. פערשטעהען זיי אויפ'ן גאַנג. אָט האָט איהר אייך אַ בילד:

אַ זומער נאַכט. דער הימעל איז פערשפּריצען מיט ווייסע מילך־פּאַסען. איך האָב געוואָלט זאָגען: די שטערען בלישצען, פינקלען, שטשמערירען, האָב איך מיך דערמאָהנט, אַז אַזוי שטעהט ערגעץ געשריבען אין אַ ביכעל, וויל איך ניט איבערקייען יענעמס ווערטער. איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך האָב פיינט זייערע בעשרייבענישען פון דער נאַטור, וואָס זענען אַזוי עהנליך מיט דער נאַטור, ווי איך בין עהנליך מיט אַ טערקישען באַשאַ.

הכלל ס'איז געוועזן אַ זומער נאַכט, איינע פֿון די זעלטענע וואַרימע, לויטערע, פּרעכטיגע נעכט, וואָס דער טרוקענסטער מענש אין דער וועלט ווערט פֿול מיט פּאָעזיע און עס בייִנקט זיך איהם ערגיץ אַהין, ווייט, ער ווייסט אַליין ניט וואוהין. עס חאַפּט איהם אַרום פֿון אַלע זייטען אַ מאָדנער שטראָם פֿון רוח הקודש און ער זינקט אין אַ הייליגע שטילע רוהיגקייט, און ער פֿערקוקט זיך אין דער טיעפֿער בלויער יאַרמולקע, וואָס מיר רופֿען דאָס הימעל, און ער פֿיהלט, אַז דער הימעל סוד'עט זיך עפּעס מיט דער ערד, פֿיהרען אַ שטילען שמועס צווישען זיך, אַ שמועס פֿון אייביגקייט, פֿון אונענדליכקייט און פֿון דעם, וואָס מענשען רופֿען גאָטהייט...

נו? וואָס ווערט איהר זאָגען אויף מיין בעשרייבען די נאַטור? ניט נעפֿעלען? בין איך אויסגעשטעלט! האָט צייט, איהר זענט נאָך ניט פֿערטיג. איך האָב אייך פֿערגעסען דערצעהלען פֿון די זשוקעס, מאָדנע, שוואַרצע, ברוין פֿאַרביגע זשוקעס, וואָס טראָגען זיך אין דער פֿינסטער, צולאָזט די פֿליגעל, זשומען און הודען און טהוען זיך אַלע מאָל אַ זעץ אָן וואַנט אָדער אָן פֿענסטער, און טהוען אַ פֿאַל אַנידער אויף דער ערד מיט האַלב צולאָזטע פּאָלעס און ווערען אַנשוויגען. איהר זאָלט נאָר נישט האָבען קיין יסורים — זיי חעלען אַביסעל אַרומפּויזען אויף דער ערד, זיך אויפהויבען, צולאָזען די פּאָלעס און וועלען זיך ווידער דרעהען אַרום דער שיין פֿון דער ליכט מיט אַ זשומען און מיט אַ הודען, און ווידער געבען זיך אַ זעץ אין פֿענסטער אַריין און אַ פֿאַל אַנידער אויף דער ערד... מיר זיצען אויפֿ'ן גאַניק, וואָס געהט אין גאָרטען אַריין, אַלע פֿיער: איך, און פּאַיע, און ראָזע, און פֿייגעלע, פֿייגעלע איז שוין אַ גרויסע; פֿיער יאָהר ווערט איהר ראש חודש אלול און ריידען רעדט זי ווי אַן אַלטער. זי רעדט און פֿרעגט קשיות. טויזענדער קשיות: פֿאַר וואָס איז הימעל — הימעל און ערד — ערד? ווען איז טאָג און ווען איז נאַכט? פֿאַר וואָס איז ביינאַכט נאַכט און בייטאָג טאָג? פֿאַר וואָס רופֿט די מאַמע די באָבעניו מאַמע און די באָבעניו רופֿט די מאַמע ניט מאַמאַ נאָר ראָזע? פֿאַר וואָס בין איך איהר דיאַדיאַ, אַ דיאַדיאַ און ניט קיין פּאַפּאַ?.. פֿאַר וואָס קוקט דער דיאַדיאַ אויף דער באָבעניו, און די באָבעניו קוקט אויף דער מאַמאַ, און פֿאַר וואָס איז די מאַמע אַזוי רויט געוואָרען?.. איהר פֿערשטעהט דאָך שוין, אַז דאָס רופֿט אַרויס ביי אונז אַלע דריי אַ געלעכטער. פֿרעגט פֿייגעלע וואָס לאַכט מען, ווערט דער געלעכטער נאָך גרעסער און ענדיגען ענדיגט ער זיך מיט דעם, וואָס מיר קוקען זיך איבער אַלע דריי, און אַלע דריי פֿערשטעהען מיר זיך גאַנץ גוט וואָס דער קוק בעדייט. מען האַר-

שוין ניט קיין ווערטער. ווערטער זענען איבעריג. ווערטער זענען בעשאַפען געוואָרען נאָר פֿאַר פלאַפלערס, ווייבער און אַדוואָקאַטען. אָדער חוץ ביס־מאַרק האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: ווערטער זענען אונז געגעבען געוואָרען אום צו פערמאַסקירען אונזערע געדאַנקען. אָט בעגעהען זיך דאָך חיות און עופות און אַלע איבעריגע בעשעפעניששען אָהן ווערטער! אָט וואַקסט דער בוים, אָט בליהט די בלום, אָט שפּראָצט אַ גרעזעל, האַלט זיך צו צו דער ערד, קושט זיך מיט'ן שטראַהל פֿון דער זון — וואו איז זייער שפּראַך? אויגען. מיין ליעבער פריץ, אויגען ביי מענשען זענען אַ גרויסע זאַך! וואָס אַ מענשענס אויגען קענען אייך אַמאָל זאָגען אין איין מינוט וועט אייך דאָס מויל ניט אויסרעדען אין קיין טאָג! אונזער איבערקוקען זיך אין יענער נאַכט מיט מיינע צוויי אלמנות איז געווען אַ בלעטעל, אַ קאַפּיטעל פֿון אונזער אַלעמענס לעבענס געשיכטע, אַ גאַנצע פּאָעמע אויב איהר ווילט, אַ ליעד, אַ טרויעריגעס ליעד פֿון דריי פערלאָרענע לעבענס, פֿון דריי פערקריפּעלטע נשמות, וואָס פערשידענע פער־פלאָנטעניששען האָבען ניט דערלאָזט זיי זאָלען טרינקען פֿון דעם קוואַל וואָס הייסט גליק, זיי זאָלען געניסען פֿון דעם פאָנטאַן וואָס הייסט ליעבע... איך האָב מיך אַרויסגעכאַפּט פֿאַר אייך מיט דעם וואָרט „ליעבע“ אומגעהרען. גלויבט מיר אַז עס עקעלט מיך! ווייסט איהר פֿאַר וואָס? דערפֿאַר וויל אייערע שרייבער בענוצען שוין צו אָפּט דאָס דאָזיגע הייליגע וואָרט און מאַכען פֿון דעם שוין צו אַ וואָכעדיגער מאכל. דאָס וואָרט „ליעבע“ אַז מען רעדט דאָס אַרויס אויף דער שפּראַך פֿון אַייערע שרייבערס, איז אַ חלול השם. דאָס וואָרט „ליעבע“ דאַרף אַרויסגעגאָסען ווערען, ווי עס גיסט זיך אויס אַ תפלה צו גאָט. אָדער עס דאַרף זיך אויסגיסען אין אַ ליעד אָהן ווערטער, אין אַ געזאַנג פֿון עכטער פּאָעזיע, עס מעג זיך זיין אָהן ריימען: לויפֿען־קויפֿען, האָפען־טאָפּען, יאָגען־שלאָגען, גראָזען־בלאָזען וכדומה אַזעלכע גראַמען פֿון אַייערע פּאָעטען. וואָס אַז איך לייען זיי אַמאָל מאָלט זיך מיר אויס אַז איך שלינג אַרבעס און פערבייס מיט פאַפּיר... דער משל מעג אייך ניט געפֿעלען, נאָר דרעהען מיט דער נאָז בעדאַרפֿט איהר ניט, איך ענדיג אייך שוין די געשיכטע מיט מיין אלמנה נומער צוויי און איך מאַך דאָס בקצור, וואָרום איך האָב פֿיינט אַז מען גענעצט... זאָגט נור, איהר האָט אַמאָל פֿערזוכט דעם טעם עס זאָל אייך רייסען אַ צאָהן, וואָס איהר מוזט איהם אַרויסציהען, נור איהר לייגט דאָס אָב אויף מאָרגען, פֿון מאָרגען אויף איבערמאָרגען, ביז איהר נעמט אייך אָן מיט האַרץ און גערט צום דאָקטאָר, איהר קומט צו צו דער טהיר, איהר לייענט איבער אויף זיין בלעטעל: דענטיסט אַזעלכער און אַזעלכער, נעמט צו פֿון 8 ביז 1

און פון 1 ביז 8...״ חאַפּט איהר אַ קוק אויפ'ן זייגער און אַ זאָג צו זיך אַליין:

— פון 8 ביז 1 און פון 1 ביז 8; הײַנט וואָס האָב איך קיין צײַט ניט?..

און איהר קעהרט זיך אום צוריק אַהיים און איהר רייסט זיך אויף די ציינער... אָט דאָס איינענע איז געוועזן מיט מיר און מיט ראָזע'ן. אַרויסגעגאַנגען בין איך פון דערהיים אַלע אין דער פריה מיט אַ בעשטימטען געדאַנק, אַז היינט מוז דאָס געשעהן גאָר אָהן אַ שום תירוץ! פריהער וועל איך איבעררעדען מיט מיין אלמנה נומער איינס, מיט דער מוטער הייסט עס, אַזוי און אַזוי... וועט זי ווערען רויטליך, אַראָבלאָזען די אויגען און אַ זאָג טהון: „ביי מיר האָט איהר געפועל'ט, רעדט איבער מיט ראָזען...״ וועל איך אַוועקגעהן פון דער אלמנה נומער איינס צו דער אלמנה נומער צוויי און וועל איהר זאָגען: „הער נאָר אויס, ראָזע, ס'איז אַזוי און אַזוי...״ און איך חאַפּ דאָס היטעל און קום צו געהן צו מיינע צוויי אלמנות, לויפט מיר אַקעגען פייגעלע, וואַרפט זיך מיר אויף די הענד, חאַפּט מיך אַרום ביים האַלז, קושט מיך אין די ברילען און בעט זיך ביי מיר, אַז „היינטיגען טאָג, נאָר היינטיגען טאָג זאָל איך זאָגען דער מאַמעניו און דער באַבעניו, מיך וועט מען פאָלגען, זי זאָל זיין פריי, ניט לערנען, ניט שפּיעלען, ניט טאַנצען, נאָר געהן מיט'ן דיאַדיאַ אין זאָאָלאָגישען גאָרטען, מען האָט געבראַכט, זאָגט מען, צו פיהרען אַזעלכע מאַלפּעס, אַזעלכע מאַלפּעס, וואָס מען קען פּלאַצען פאַר געלעכטער!...״ נו, אדרבה, זייט אַ בריה און געמט ניט דאָס קינד, און געהט ניט מיט דעם אין זאָאָלאָגישען גאָרטען אָנקוקען די נייע מאַלפּעס, וואָס מען קען פּלאַצען פאַר געלעכטער?...

— וואָס וועט זיין פונ'ם קינד? — וואָרטשעט די אלמנה נומער איינס.

— ער מאַכט אַ תל פונ'ם קינד? — האַלט זי אונטער די אלמנה נומער צוויי, און דער דיאַדיאַ הערט זיי ווי דעם פאַר-אַ-יאָהריגען שניי, ביידע אלמנות, נעמט דאָס קינד און געהט מיט דעם אין גאָרטען זיך בעקוקען מיט די נייע מאַלפּעס, וואָס מען קען פּלאַצען פאַר געלעכטער — און אָט אַזוי ווי איך דערצעהל אייך, אַלע מאָל אַ נייער תירוץ, עס געהט אַוועק אַ טאָג און אַ טאָג, אַ וואָך און אַ וואָך, אַ יאָהר און אַ יאָהר, דאָס קינד וואַקסט, הויבט אָן פערשטעהן אַזעלכע זאַכען, וואָס מען קען פון זיי ניט רעדען, און עס בלייבט ביי אונז אַלע דריי דער הסכם, אַליין אָהן ווערטער, אַז לאָז דאָס קינד אונטער וואַקסען שוין, אַז פייגעלע זאָל אויסוואַקסען, ווערען אַ מענש און אויסקלייבען זיך איהר באַשערטען, דאַן ווערען אונז אויפגעבונדען די הענד, דאַן רעפאָרמירען מיר אונזער לעבען, פיהרען אויף אַ נייע שטוב, און מען בויט פּלאַנען, יעדער

בײַ זיך אין האַרצען, הױ אַזוי מען װעט לעבען אַלע צוזאַמען, דאָס יונגע פּאָר — פײגעלע מיט איהר באַשערטען, דאָס אַלטע פּאָר — איך מיט ראָזען, און די אלמנה באבע (פּאיע) װעט געװעלטיגען איבער אונז אַלעמען, — דאָס װעט זײַן אַ לעבען! די גאַנצע זאַך איז נאָר: װי דערלעבט מען שױן? װי דערלעבט מען שױן, אַז פײגעלע זאָל אױסװאַקסען, װערען אַ מענש און אױסקלײַבען זיך איהר בעשערטען? נאָר אַז מען לעבט דערלעבט מען זיך. אַזױ דאַכט זיך זאָגט דאָס שפּריכװאָרט? איך האָב פײַנט שאַבלאָנע שפּריכװערטער; איהר האָט זי ליעב? זעהר שעהן, איך פערגין אײַך. אַלזאָ אַז מען לעבט דערלעבט מען זיך: פײגעלע איז אױסגעװאַקסען געװאָרען אַ מענש און האָט אױסגעקליבען זיך איהר באַשערטען — און אָט דאָ ליעגט דער הונד בעגראָבען! אָט דאָ ערשט הױבט זיך אָן די רעכטע פּסיכאָלאָגיע, װי איהר רופט דאָס אָן! איהר װײסט? דאָס װאָס איהר קוקט אױפ׳ן זײגער איז איבעריג. איך װעל אײַך סיי װי סיי הײַנט מעהר ניט דערצעהלען, איך דאַרף געהן; מײַנע אלמנות װעלען נישט װיסען װאָס איבערצוטראַכטען. איך קען בעשטעהן, אַז אױב איהר האָט חשק אױסצוהערען די געשיכטע פון מײַן „אלמנה נומער דריי“, זאָלט איהר זיך מטריח זײַן צו מיר אַהײם. אַ ניט װי איהר װילט אײַך! פאַר די פּאָלעס װעל איך אײַך ניט שלעפּען. איהר װעט אַלײן קומען... אַדיע׳

די גאנץ אלמנה נומער דריי.

הויפטפערקויף אין דער בוכהאנדלונג „צענטראל״.

Книжный магазинъ „ЦЕНТРАЛЪ“ Варшава, Новолипки 7.

Buchhandlung „CENTRAŁ“ Warschau Nowolipki 7.

# בוכהאנדלונג „צענטראל"

ווילנא — וואַרשא — ניו־יאָרק

## שלום־עליכם'ס ווערק.

| | | פערלאג | בראָשירט ק' | ר' | געבונדען ק' | ר' |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 296. | פּיטער טייל אין צוויי בענדער . | פראגרעס | 50 | 2 | 10 | 3 |
| 297. | יובילעאום־אויסגאבע I באנד | " | — | 1 | 30 | 1 |
| 298. | " " II . . | " | — | 1 | 30 | 1 |
| 299. | " " III . . | " | — | 1 | 30 | 1 |
| 300. | מנחם מענדיל'ס בריעף IV . . | " | — | 1 | 30 | 1 |
| 301. | מאָטעל דעם חזן'ס V . . | " | 80 | — | 05 | 1 |
| 302. | יודישע קינדער VI . . | " | 85 | — | 10 | 1 |
| 303. | טוביה דער מילכיגער VII . . | " | 80 | — | 05 | 1 |
| 304. | קאָמי־וואָיאַושאָרין VIII . . | " | 80 | — | 05 | 1 |
| 305. | דער משל. . . . | " | 80 | — | 05 | 1 |
| 306. | סטעמפעניו . . . | " | 40 | — | | |
| 307. | סענדער בלאנק און זיין געזינדיל | " | 35 | — | | |
| 308. | אַ מעשה אָהן אַן עק . . | " | 25 | — | | |

צווישען די געזאמעלטע ווערק פון דעם באליבטען הומאריסט, וואס נעהמען ארום סיסטעמאטיש און גרויסען פאר־מאט, האבען מיר ארויסגעלאזען אויך א רייהע סעריע קליינע בראָשורען פון שלום עליכם'ס בריליאנטענע הומאָרעסקען. די דאזיגע בראָשורען, וועלכע פערקויפען זיך צו זעהר ביליגע פרייזען, זיינען גלייך צוגענגליך פאר אלע שיכטען פון פאָלק, און געבען יעדען יודישען לעזער די מעגליכקייט, צו געניסען דעם גרויסען גייסטיגען פערגעניגען, וואס גאר איין שלום עליכם איז אימשטאנד איהם צו פערשאפען.

Księgarnia „CENTRAL" Warszawa—Wilno — New-Jork. —